מארק טורקאוו.

# אַ ווידוי

דראַמאַטישער עטיוד אין איין אַקט

פערלאַג „נייטראַל"
ווארשא, לעשנא 6.
טעל. 89-299

מארק טורקאו.

# אַ ווִדוּי.

דראַמאַטישער עטיוד אין איין אַקט.

פערלאַג „נייטראל“
ווארשא לעשנא 6 וו. 13 טעל. 299-89

געזעצט ביי י. זעצער און ש. פרופעס ווארשא לעשנא 6

## פערזאָנען:

זי.

איהר מאן.

איהר געליבטער.

דאס קול פון קינד.

---

ס'קומט פאָר אין אַ אייראָפּעאישער שטאָדט.

Mark Turkow

„SPOWIEDŹ"

Szkic dramatyczny w 1 akcie.

Wydawnictwo „Neutral", Warszawa, Leszno 6.

די ביהנע שטעלט-פאָר אַנ'עלעגאַנט-מעבלירטע שטוב. לינקס, אַ פענסטער. פערהאָנגען מיט ווײַסע פאָרהאַנגען. אין הינטער-גרונד אונ רעכטס, טירען פערהאָנגען מיט פּאָרטיערען. בעת דער פאָרהאַנג הויבט זיך, שטעהט זי, אַ שעהנע פרוי פון אַ יאָהר 28, בײַם פענסטער. זי איז שטאַרק פער'דאגה'ט. יעדע מינוט קוקט זי אויף דער טיר רעכטס, וואו ס'זיצט איהר מאַן, מורא האָבענדיג ער זאָל חלילה יעצט נישט אַרײַנקומען. איהר געליבטער (אַ גנווע-זענער, אַ וואוילער-יונג, אַ גנב'ישער טיפּ, שטעהט נישט ווייט פון איהר, מיט אַ פּוס אָנגעשפּאַרט אויף דער שטוהל. איהר מאַן, אַ עלעגאַנטער מענש פון אַ יאָהר 30, שטעהט אינגאַנצער דער פּאָרטיער רעכטס און הערט זיך צו צום גאַנצען שמועס צווישען זײַן ווײַב און איהר נעוועזענעם געליבטען. פון צײַט צו צײַט שטעקט ער אַרויס דעם קאָפּ, אַזוי, אַז דאָס פּובליקום זעהט איהם.

**דער געליבטער:**

אַלזאָ?

**זי** (שווײַגט).

**דער געליבטער:**

נו, איהר בעוויליגט נישט אַפילו צו ענטפערען, וואָס?

זי:

וואָס ווילט איהר פון מיר?

דער געליבטער (גנב'יש):

די גנעדיגע פרוי האָט שוין פערגעסען? (ערנסט) מיינע רעכט — פערשטאַנען?

זי:

הא? וואָס? איך קען אייך נישט!

דער געליבטער:

אָ, ענטשולדיג... קענען - קענסטו מיך טאַקי יאָ, נאָר דו ווילסט מיך נישט געוואָלט קענען!

זי,

איך האָב אייך קיינמאָל נישט געוואָלט קענען. איהר האָט מיך געפאַנגען, די גאַנצע צייט אָבגענאַרט... (ווי זי וואָלט זיך עפּעס דערמאָנט) איבעריגענס זענען דאָך דאָס שוין אַלץ פערגעסענע זאַכען, וועגען וועלכע ס'איז איבעריג צו רעדען.

דער געליבטער:

איהר צווינגט מיך זיי צו דערמאָנען.

זי (מיט אונגעדולד):

זאָגט מיר וואָס ווילט איהר פון מיר? פאַרוואָס פערפאָלגט איהר מיך? פאַרוואָס ווילט איהר צושטערען מיין גליק?

דער געליבטער:

און מיין גליק איז נישט צושטערט געוואָרען? איהר האָט מורא פאר אייער מאַן, ער וועט וויינען, ער וועט נעבעך, קלאָגען... און אַז איך בין פינף יאָהר געזעסען אין תפיסה, געליטען און געהונגערט — דאָס אַרט אייך נישט.

זי:

איהר זענט געזעסען, ווייל איהר האָט געפיהרט אַנ'אויס-געלאַסען לעבען... איהר האָט גע'גנב'עט, פערפיהרט פרויען, אומגליקליך געמאַכט מענשען...

דער געליבטער:

דערפאר — דאָס איז אמת. פערגעסט אָבער נישט, אַז איהר זענט דאַן געווען מיין געליבטע, אַז מיר האָבען צוזאַמען געוואוינט...

זי:

איך האָב געמוזט זיין!

דער געליבטער:

ווען איהר הייסט אויך טהון דאָס אייגענע... אויב נישט וועל איך זיך מוזען ווענדען צו איינער מאַן, ער זאָל מיר פאַר איינך בעצאָהלען.

זי:

איך האָב דאָך אייך שוין געגעבען, נאָכ'ן ערהאַלטען איינער ערשט בריוועל צעהן טויזענד מאַרק און נאָכ'ן ערהאַלטען דאָס צווייטע נאָך פינף. וואָס ווילט איהר פון מיר? מעהר קען איך אייך נישט געבען!

דער געליבטער:

טאָ נעמט ביי איינער מאַן. וואָס איז, ס'פעהלט איהם געלד?

זי:

וויפיעל ווילט איהר? זאָגט, אָבער שנעלער, איך קען מיט אייך לאַנג נישט שמועסען.

דער געליבטער:

נישט קיין סך... פופציג טויזענד!

**זי** (דערשראָקען):

וויפיל?

**דער געליבטער** (לאכט):

נו... וואָס האָט איהר זיך אזוי דערשראָקען? אויב איהר ווילט מיך אינגאַנצען פטור ווערען, און אויב איהר ווילט נישט, אַז אײַער מאַן זאָל וויסען ווער עס איז זײַן ווײַב, און די מוטער פון זײַן כשר קינד, מוזט איהר מיר געבען פופציג טויזענד מאַרק, אום כ'זאָל קענען פון דאַנען אַוועקפאָהרען און לעבען ווי אַנ'אָרענטליכער מענש.

**זי:**

(די ווערטער האָבען אויף איהר געמאכט א שטאַרקען אײַנדרוק. קוקט זעהר אָפט אויף דער טיר רעכטס, און שרעקט זיך, אַז איהר מאַן קען גראָד ארײַנקומען, נישט וויסענדיג, אַז ער איז אַנ'עדות פון דער סצענע, ווייסט נישט וואָס צו ענטפערען. שווײַגט.)

**דער געליבטער** (געהט צו איהר צו):

זַלזאָ, ווען קען איך אַרײַנקומען נאָכ'ן געלד?

**זי** (שווײַגט, ווי פריהער).

**דער געליבטער:**

איהר שווײַגט? אָט פון דעם ענטפער ווייס איך שוין גאָרנישט.

**זי** (נידערשלאָגען):

איך קען אײַך יעצט גאָרנישט געבען.

**דער געליבטער:**

דעם אמת געזאָגט, וואָלט מיר דאָס געלד יעצט זעהר צונוץ געקומען. אָבער דאָך — איך האָב געדולד. כ'וועל אונטערוואַרטען ביז איבערמאָרגען.

**זי:**

כ'ווייס ניעט...

**דער געליבטער:**

**אָבער איך ווייס — ווייל כ'מוז דאָס געלד האָבען.**

**זי** (לאָזט אראָב דעם קאָפּ — ענטפערט גאָרנישט).

**דער געליבטער:**

איהר זענט יעצט אויפגערעגט... איך וועל דעריבער יעצט אַוועקגעהן און איבערמאָרגען ערווארט איך דאָס געלד ביי מיר אין שטוב. אמת, איך האָב נישט קיין פּאַלאַץ און אזעלכע פּרעכ-טיגע סאַלאָנען, אָבער וואָס קען מען טהון, נישט יעדערער איז דאָך אַזוי גליקליך, ווי איהר. נו אַדיע, מאַדאם! איבערמאָרגען וואַרט איך אייך אָב אַ גאַנצען טאָג (פערנייגט זיך איהר ביז צום סאמע אונטער-פוס-דעק). איהר געדענקט, יאָ? פופציג טויזענד מאַרק, און איהר ווערט מיך פּטור אויף אייביג. אַדיע! (פערנייגט זיך נאָכאמאל און געהט א צופרידענער, דורך דער הויפּט-טיר).

**זי:**

(שטעהט די גאַנצע צייט אויפ'ן אייגענעם אָרט ביים פענסטער נישט קענענדיג קומען צו זיך).

**דער מאַן:**

(געהט ארויס פון אונטער דער פּאָרטיער און בלייבט שטעהן אויף איין אָרט, נעבען דער טהיר. ער ווייסט אליין נישט, וואָס צו טהון. די פריהערדיגע סצענע האָט אויך אויף איהם געמאַכט א שטארקען איינדרוק).

**א לאַנגע פּויזע.**

**זי:**

(ווען זי קומט א ביסעל צו זיך און הויבט אויף דעם קאָפּ, בעמערקט זי פּלוצלינג דעם מאַן. דערשרעקט זיך שטארק) אַדאם, דו?

**דער מאַן**

(נישט וויסענדיג וואָס ער דאַרף יעצט צו טהון, און ווי אזוי ער דאַרף מיט איהר האַנדלען, פערהאַלט ער זיך זעהר רוהיג) יאָ, איך.

**זי:**

האָסט געהערט?

**דער מאַן:**

יאָ, איך האָב געהערט.

**זי:**

האָסט אונטערגעהערט?

**דער מאַן:**

אונטערגעהערט?... (קלערט א ווײַלע, דאן ענטשלאָסען) מאַריאַ!
ווער איז עס? וואָס איז דאָ פאָרגעקומען?

**זי** (שווײַגט).

**דער מאַן:**

(רעדט שוין מיט א העכערן און מעהר בעפעהלערישען טאָן.) מאַריאַ.
איך וויל וויסען וואָס דאָ קומט-פאָר? ווער איז דער שלעפער
און וואָסערע געשעפטען מײַן ווײַב האָט מיט איהם?! (איראָניש)
דאַכט זיך, איך האָב רעכט דערצו...

**זי:**

(קעמפט מיט זיך אליין. דער קאמף איז א שווערער און ליידענשאפטליכער. קען
נישט בעשליסען צו זי זאָל איהם דערצעהלען אלץ, אָדער נישט. זעצט זיך אויף
א שטוהל און שווײַגט).

**דער מאַן:**

(זעהט ווי זי לײַדט, איז אָבער זעהר איבערגעבראַכט און דענערווירט). דו
שווײַגסט? האָסט מורא פאַר דײַן געליבטען...

**זי** (רײַסט איבער—שפרינגט אויף):

געליבטען?... אַדאַם דו זאָגסט עס?

**דער מאַן:**

איך זאָג? איך שווײַג. איך וויל אָבער, אַז דו זאָלסט מיר

זאָגען, וואָס דאָס אַלץ זאָל בעדײַטען, ווײַל אַנדערש, האָב איך דאָך דאָס רעכט דיך חושד צו זײַן, אַז...

זי (רײַסט איבער):

מיך חושד צו זײַן? דו? אדאם! בעדענק נאָר וואָס דו רעדסט.

## דער מאַן:

יאָ, מאַריאַ. איך ווײס אויסגעצײכענט, וואָס איך רעדט. אויף אײַך פּרויען, קען מען אלצדינג גלײבען... איהר אַלע זענט, אַזוי ווי דלילה, וועלכע האָט נור געליבט שמשון׳ען אַז זי זאָל איהם קענען אָבנאַרען. און דעריבער טאַקי, וויל איך וויסען, וואָס דאָ איז פאַרגעקומען, כ׳זאָל דיך נישט מוזען חושד זײַן, אַז דו האָסט אַ געליבטען און, אַז דו בע׳גנב׳עסט מיך—פאַר איהם.

זי (אָטעמט שווער אָב):

יאָ, דו ביזט גערעכט, אויב כ׳וועל דיר נישט דערצעהלען אַלץ, האָסטו דאָס רעכט מיך חושד צו זײַן, דערין. אַלזאָ... זעץ זיך און הער אויס אויפמערקזאַם. דאָס וועט זײַן אַ ודוי פון אַנ׳אומגליקליך מײדעל, וואָס איז שוין געווען אַ גליקליכע פרוי...
(ווישט אָב בגנבה אַ טרער).

## דער מאַן:

(דורכגעהענדיג אַ פּאָר מאָל די שטוב, זעצט ער זיך און קוקט זי אָן).

## זי:

(שפּארט זיך־אָן אָן דעם ווענטעל פון שטוהל און שטעהט זעהר שטיף דער קאָפּ אין דער הויך.) שוין באַלד דרײַ יאָהר, ווי מיר לעבען צו־זאַמען... גליקליך... שטיל... קײנער האָט אונז נישט געשטערט. דאָס קינד, האָט נאָך די ליבע צווישען אונז פערשטאַרקט... עס האָט אונז נאָך שטאַרקער צוזאַמענגעבונדען... דו האָסט מיך קײנמאָל נישט געפרעגט, ווער איך בין און ווי אַזוי כ׳בין ער־צויגען געוואָרען... האָסט געוואוסט, אַז כ׳בין געווען אַ יתומה

פון אַ קליין דערפ'ל... אַנ'אָרימע אַרבייטערין, אַז כ'האָב שפּעטער ביי דיר געאַרבייט, אַז כ'האָב זיך געלערנט... כ'בין געווען שעהן... מיר האָבען זיך פערליבט... מיר האָבען זיך געליבט, ווי אָרענטליכע, כשר'ע מענשען... שפּעטער, ווען דיין פאָטער איז געשטאָרבען און דו ביזט געוואָרען פאַבריק-דירעקטאָר, האָבען מיר חתונה-געהאַט, און מיר זיינען געווען גליקליך... דו האָסט אויף מיר קיינמאָל נישט געשריגען... ביזט מיך נישט חושד געווען, ביז ער איז געקומען...

## דער מאַן:

ווער איז ער?

## זי:

(ליידענשאפטליך און ווייך.) רייס מיר נישט איבער, איך וועל דיר אַלץ דערצעהלען.

## דער מאַן:

איך וויל שוין וויסען, ווער ער איז?

## זי:

פריהער מוזטו דאָך אָבער וויסען, ווער איך, דיין ווייב, בין, ערשט שפּעטער, וועל איך דיר קענען זאָגען ווער ער איז און ווי אַזוי ער קומט צו מיר.

## דער מאַן:

(בערוהיגט זיך אין הערט זיך ווידער צו.)

## זי:

דאָס איז געווען מיט אַנ'ערך פון צעהן יאָהר צוריק... איך בין דאן אַלט געווען אַכצעהן יאָהר. מיין אַלטער פאָטער, דער לעצטער פון אונזער משפּחה, איז דעמאָלט געשטאָרבען. בעת ער האָט געלעבט, האָבען מיר זיך נאָך, ווי ס'איז געקענט

אויסהאַלטען, אָבער נאָך זײַן טויט... דאַן האָב איך שוין געמוזט קלערען וועגען אַלײן פערדינען אויף אַ שטיקעל ברויט. אײנע אַלײן, אָהן קרובים, כמעט אָהן בעקאַנטע, האָב איך זיך געלאָזט זוכען אַרבײַט. קײן שום מלאכה האָב איך נישט געקענט, נאָר אַביסעל פיהרען ווירטשאַפט, וואָס איך האָב זיך נאָך אויסגעלערנט בײַ דער מוטער׳ס לעבען. ווען כ׳בין צוגעקומען צום נאָהענטסטען גיט, וואו עס האָבען געאַרבײַט אַ פּאָר בעקאַנטע פויערטעס, איז מיר געלונגען צו קריגען אַ שטיקעל אַרבײַט, בײַם העלפען מעלקען די קיה: ער איז דאָרט געווען דער פיהרער פון פריץ׳ס פערד. ער איז געווען אַ יונג מיט בײַנער, און כמעט אַלע דאָרטיגע מײַדלעך זענען נאָך איהם אויסגעגאַנגען. אין אַ קורצער צייט אַרום, זענען צווישען אונז בײדען געוואָרען נאָהענטע בעציהונגען. מיר האָבען זיך שטאַרק ליב געקריגען. ס׳איז אַריבער אַ יאָהר. איהם האָבען אָנגעהויבען קומען פער=שידענע געדאַנקען אין קאָפּ, וועגען חתונה=האָבען, זיך מאַכען אַ ווירטשאַפט אין שטאָדט, מיט עפּעס האַנדלען א. א. וו. מיר האָבען אָבער קײן געלד נישט געהאַט... די פערדינסטען זענען געווען אַזוי קלײן, אַז ס׳האָט קוים געקענט געניגען אויף אַ „שטיקעל" יום=טוב׳דיג קלײד. מיר האָבען געקלערט פון וואַנען צו נעמען געלד, ביז... ער האָט מיך אָנגערעדט, מיר זאָלען בע׳גנב׳ענען דעם פריץ... (רײַסט איבער נישט קענענדיג ווײַטער רעדען. איבער איהר פנים שווימען אראָב טרעהרען. זי זעצט זיך).

## דער מאַן:

(פערהאלט זיך די גאַנצע צײַט רוהיג, אָבער מיט אַ שווערען געמיט.)

אַ פּויזע.

## זי:

(קומענדיג צו זיך.) מיט צוויי וואָכען שפּעטער, זענען מיר פער׳משפּט געוואָרען אויף אַ חודש תפיסה... אַרויסגעגאַנגען פון דער תפיסה האָט אונז קײנער נישט געוואָלט צונעמען צו דער

ארבײט. ס'איז געװען װינטער... קײן מאַנטעל האָבען מיר אױף זיך נישט געהאַט... מיר האָבען געמוזט הונגער'ן, נעכטיגען אױף דער גאַס... (שטעמט אב.) און מיר האָבען אָנגעהױבן גנב'ענען...

דער מאַן:

(אירָאניש.) און אױך אָנגעהױבען צו לעבען רוהיג און גליקליך...

זי:

יאָ, פאַר מיר איז עס דעמעלט געװען אַ גליקליך לעבען. איך האָב געהאַט װאָס אָנצוטאָן, דאו דעם קאָפּ אַװעקצולעגען, קײן עסען האָט אונז אױך נישט געפעהלט...

דער מאַן:

דאָך, זענט איהר זיך פונאַנדערגעגאַנגען.

זי:

איך בין פון איהם אַנטלאָפען, װען ער איז שױן געװען אין תפיסה...

דער מאַן:

(מיט א ביטערען טריומף-שמייכעל) אודאי, װי אַלע חברים, װאָס פערלאָזען זײערע פרײנד אין אַן עת-צרה.

זי:

נײן, אַדאַם, איך בין דערין נישט שולדיג געװען... װען מיר האָבען זיך נור אַביסעל אײנגעאָרדענט. האָב איך געװאָלט ער זאָל אױפהערען גנב'ענען און אָנהױבען ערליך לעבען. איך האָב געװאָלט מיר זאָלען מיט עפּעס האַנדלען. (שװער.) ס'איז שױן אָבער געװען צו שפּעט. ער האָט זיך שױן אַרײנגעלאָזט אין גנבה'שען לעבען. זיך אָנגעהױבען פיהרען זעהר אױסגעלאַסען. ער האָט זיך אױך דעמאָלט בעקענט מיט אַ

גרופע קאַסע=ברעכערס און וועלענדיג מאַכען אנ׳אָנפאַל אין באַנק האָט מען זיי געכאַפּט. איך האָב אויסגענוצט די גע=לעגענהייט און כ׳בין פון איהם אַנטלאָפען...

**דער מאַן** (שמייכעלט ליידענשאַפטליך).

**זי:**

כ׳בין דאָן אַהערגעקומען, אין דער הויפּט=שטאָדט, און כ׳האָב בעקומען ארבייט ביי דיין פאָטער אין פאַבריק. מיט אַ חודש שפּעטער, האָב איך רוי־כגעלעזען אין די צייטונגען, אַז מען האָט די גאַנצע באַנדע, מיט וועלכער מען האָט איהם אַרעסטירט פער׳משפט אויף 5 יאָהר תפיסה. כ׳האָב געמיינט, אַז כ׳וועל אוהם שוין פטור ווערען... ווי פלוצלונג... מיט פיער וואָ=כען צוריק, האָב איך פון איהם בעקומען אַ בריוועל און נישט וועלענדיג, דו זאָלסט געוואויר ווערען וועגען דעם אַלעם, האָב איך איהם געשיקט צעהן טויזענד מאַרק. אַ וואָך שפּעטער, האָב איך ווידער בעקומען אַ בריוועל, מיט אַ פאָדערונג איך זאָל איהם צושיקען צוואַנציג טויזענד מאַרק, וועלכע ער דאַרף גלייך צו האָבען. כ׳האָב איהם געשיקט נאָך פינף טויזענד. דער=נאָך האָב איך בעקומען נאָך צוויי בריוו... ער האָט מיך אויפ=געזוכט, אום צו קענען ביי מיר אַרויסקריגען געלד... אָבער אויף די איבעריגע בריוו האָב איך איהם שוין נישט געענטפערט. ביז ער איז אַליין אַהער געקומען... (נאָך אַ קליינער פּויזע, שטעהט אויף.) נו, און יעצט ווייסטו שוין אַלץ!?

**דער מאַן:**

(שטעהט אויך אויף, און בעהט=דורך אַ פּאָר מאָל דער שטוב. איז זעהר אונרוהיג נישט וויסענדיג, וואס יעצט צו טאָן.) יאָ, אויב ס׳איז דערין נישטאָ מעהר ליגען, ווייס איך שוין אַלץ.

(פון דער צווייטער שטוב דערהערט זיך פלוצלונג דאָס רופען פון אַ קליין קקינד: „מאַמאַ! מאַמאַ!" זי ווערט אויפגעלעבט דערהערענדיג דאָס רופען פון „נד. דער מאַן בלייבט שטעהן תמ׳עוואַטע נישט וויסענדיג וואָס צו טאָן.)

**זי:** (מיט א בעטענדיגען קול.)

אַדאַם! דו הערסט אונזער קינד רופט מיך... (ווייל לויפען אין דער ריכטונג רעכטס, צום קינד.)

## דער מאַן:

(פאלט בלוצלונג אריין אין א ווילדען שגעון, לויפט צו איהר שנעל צו, האפט זי אָן בײַ דער האנד און ביט זי א שלײדער צוריק.) צו מײַן קינד וועל אײַך געהן

(לויפט ארויס רעכטס.)

**זי:**

(בלײַבט שטעהן א ווײַלע ווי געפלעווט. פאלט אוועק אויף א שטוהל און צעווײנט זיך היסטעריש.)

## פאָרהאַנג.

ווארשא, 1920.


## פֿערלאג „נ י י ט ר א ל".

דהיפּט־פערקויף און אַדרעס אויף בעשטעלונגען:

I. Zecer i Sz. Prupes. Warszawa, Leszno 6. m. 13

אַדרעס פאַר געלד־שיקונגען:

Sz. Prupes, Warszawa, Nowolipie 40 m. 25.

